# קהלת שלמה

איבערזעצט פון

שלמה קאניגל

בעקאנט און גענאנט

דער ברחן קעניג



לפרט — אהבה רבה אהבתנו.

ניו יארק — 1924.

ISBN:0-657-12713-2

# קהלת שלמה

איבערזעצט פון

שלמה קאניגל

בעקאנט און גענאנט

דער בדחן קעניג



לפרט — אהבה רבה אהבתנו.

ניו יארק — 1924.

# פאָרוואָרט

ש ל מ ח — דאָס איז מיין ערשטער נאָמען —
לוסטיג געמאַכט מענשען, געזאָגט גראַמען;
מיט טויזענדע פריינד זיך בעקאַנט,
האָב געמאַכט אַ לעבען פון מיין טאַלאַנט.
נערוועז ווערען שוואַכער, קרעפטען — וועניגער;
חן פאַלט אָב, מען ווערט מוטהלויז, —
וויל איך אויך זיין דער יעניגער,
מען זאָל מיך געדענקען אין יעדען הויז.
קהלת האָב איך מיט גראַם איבערזעצט —
אַ מוסר השכל פיר דעם מענשען געשעצט.
נעקסטע אויסגאַבע וועט זיין „לעבענס-בילדער” —
יוראָפּעאישע, אַמעריקאַנער, ווי איך שילדער.
געפינען נחת וועט איהר, גוטע ברידער,
ערנסטעס, קאָמישעס, אויך היימישע לידער.
לעזט מיין ווערק — דערקוויקט אייערע גלידער.

# קאַפּיטעל א.

דאָס זענען די שעהנע מאָראַלישע וואָרטען
ווי געשליפענע ברילִיאַנטען פון בעסטע סאָרטען,
וועלכע בעזייטיגען שטאָלץ ראַכע און כבוד
קהלת — קעניג פון ירושלים, דער זוהן פון דוד.
קהלת איז דער בערוף פון די צוועלף העפטען,
ער האָט געזאַמעלט, איינגעשפּאַנט אַלע קרעפטען;
איבערצייגט קלאָר, נישט פאַלש לעגענדאַריש,
מיט אויסנאַהם פון תורה, איז אַלעס נאַריש
וואָס עס געפינט זיך אויף דעם ערד-קוגעל אַרום, —
אַלעס איז נאַריש, לעכערליך און דום.
וואָס בלייבט דעם מענש פון זיין ציעל ערר(ייכען
ווען ער איז צו ענדע? ער מוז אַלעס אויסווייכען.
די זון געהט אויף און זי געהט ווידער אונטער,
פאַרלויפט דער זומער — פאַרגעהט דער ווינטער.
מיט דעם זעלבען גלאַנץ ווערט זי ווידער געבוירען,
אָבער דער מענש ער געהט פערלוירען.
די ערד עקזיסטירט אויף עביגע צייטען
אָבער די גענעראַציאָנען מוזען זיך בייטען
אַזוי ווי אַלע וואַסערען און מעהר אַריינפליסען
דאַן ווידער צוריק אין זייער פלאַץ איינגיסען.
די מענשען זענען אויך אויף די זעלבע שטופען —
פון וואַנען זיי קומען מוזען זיי צוריק רופען.
וואָס מעהר דער מענש וויל זיך אונטערשיידען.
עס קומט דאַצו, קען ער גאָר נישט ריידען.

וואָס מעהר ער זעהט, וואָס מעהר ער הערט
איז נאָך נישט קיין אָנפאַנג, עס האָט קיין ווערט.
אַלע נייע ערצייגונג, וואָס דער מענש שאַפט,
איז לאַנג שוין געווען מיט פולען קראַפט.
נאָר זיי האָבען זיך נישט געקענט ענטוויקלען,
אָבער אין תורה געפינט מען נייע אַרטיקלען.
מיר האָבען פון בעפאָר קיין איבערלייגונג,
די נעקסטע וועלען פון אונז ניט האָבען קיין איבערצייגונג.
מיר האָבען פון בעפאָר קיין בלויען דונסט,
אונזער נייעס וועט נאַכהער נישט הייסען קיין קונסט.
איך, קהלת, וואַר דער גרעסטער קעניג.
די גאַנצע וועלט וואַר מיר אונטערטהעניג;
אַלע גרעסטע העלדען צו מיר זיך געביקט,
די גרעסטע שטייערן מיר אַריינגעשיקט
פון גאַנץ פּאַלעסטינאַ, סיריען ארם נהרים,
דאַן געבליבען קעניג בלויז אין ירושלים.
שפּעטער פערוואָרפען אין אַ פרעמד לאַנד,
געבליבען נאָר מיט מיין שטעקען אין דער האַנד.
דרום בין איך, קהלת, דער פּרינציפּיעלער,
איך ווייס יעדען שריט, פערשטעה יעדען פעהלער.
איך פיגור יעצט אוים נאָך מיין פערשטאַנד,
נישט אנגענעהם איז די בחירה אין מענשען׳ס האַנד.
מען קען צוואַר נישט פערשטעהן הימלישע פּאָליטיק
און אויף גאָט׳ס פיהרונג געבען חלילה קריטיק.
עס ליגט אָבער אין מענשליכען אינסטינקט
און דורך דעם געדאַנק דורכשפּרינגט

וואָס נוצט דאָס, די מענשליכע פּערזאָנען,
אַז נאָך זייערע טהאַטען, זאָל מען זיי בעלאָהנען.
בין נישט פון שלעכטע, בין נישט פון בראַפּע,
איך שענק בעלאָהנונג, וויל קיינע שטראַפע
וועלכעס האָב איך נישט געפיהרט פּאַרליאַמענטאַריש,
אַם ענדע זעה איך ווי אַלעס איז נאַריש.
זאָלאַנג דער מענש איז קיין עוויגטהום נישט —
ער שטאַרבט אַוועק, ווערט אָבגעווישט,
פיעל מאָל פריהצייטיג אין קבר ער געהט,
פערריכטען זיינע פעהלערען איז שוין צו שפּעט.
ער ווערט שוין פערזעכענט צווישען געפעהלטע,
נישט מעהר פון צדיקים, די געצעהלטע.
קיין צייט געהאַט צו ווערען פרום און הייליג,
פערלוירען זיין אַקציע, אָנגעוואוירען זיין חלק.
איך שטעל מיר יעצט אַליין די פראַגע:
ווער האָט זיך געריכט אויף אַזאַ נידערלאַגע?
אין מילך און האָניג בין איך ערצויגען
ביי מיינע עלטערען, געמאָסטען און געוואויגען.
ווי נאָר אַ חכמה, האָב איך פיגורירט,
מיט וועלכע, גאָט האָט מיך דאַמיט פּרעזענטירט.
יעצט בין איך געקומען צום ריכטיגען בעשלוס:
איך בין געערגערט און פול מיט פערדרוס.
וואָס מעהר קלוגהייט. וואָס מעהר גרעפּיש
קומט דאַן צרות און מעהר עגמת נפש.
מען וויל האָבען קינדער, מען דאַרף זיי נויטיג,
אַם ענדע זיי שטאַרבען — האָט מען מעהר וועהטאַג.

רייסט מען איין פיר רייכטום גרויס פערמעגען,
עס פליהט אוועק דורך פערשיעדענע וועגען.
וואָס בלייבט פון תענוג, וואָס בלייבט פון פריידע ? —
דער טויט שוועבט צווישען די אויגען ביידע.
איך האָב געדענקט, ווייל איך בין א קלוגער,
וועל איך קיינמאָל ניט זיין קיין בעטריגער.
דיא תורה האָט מיר אויפגעקינדיגט
פון פיעל פרויען דער מענש מעהר זינדינט.
קיין פיעלע פערד נישט צו ערנעהרען,
דאָמיט קיין מצרים נישט צוריק אומקעהרען.
איך בין אָבער געוועזן אזוי איינגעבילדעט:
ווי קען א מענש ווערען שלעכט און פערווילדעט ?
איבערהויפט אזא חכם ווי איך, שלמה, בין ?
נאָר וואָס נוצט מיין חכמה ? וואָס האָב איך דערפון ?
איך בין דער בעזיעגטער, נישט דער זיעגער,
ווייל אקעגען גאָט קען מען נישט זיין קיין קליגער.

## קאַפּיטעל ב.

יעצט, ווען איך האָב די חכמה ערוואָרבען,
זי האָט מיך בעגייסטערט און בעצויבערט,
האָב איך זיך צוגעכאַפּט צו פערגעניגען
אַלעס פון לעבענס-לוסט אַריינצוקריגען.
און וואָס מעהר צופיהרט זיך מיינע הענדע,
מעהר נאַריש איז געוועזען די ענדע.
דער בעטרעפענדער זעהט מעהר פון צושויער,
נאָך דער גרעסטער פרייד מוז קומען דער טרויער.
איך האָב חכמה מיט נאַרישקייט קאָנעקטעט,
זעהן ווי ווייט איך קען זיין פּראָטעקטעט.
טייערסטע ווינען טרינקען, בעסטע שפּייזען עסען,
דאַבײַ האָב איך די תורה אויך נישט פערגעסען.
דאָן וועל איך ביי מיר אויסשפּעקולירען,
ביי וועלכען זיך האַלטען און וועלכעס פערלירען.
נישט פערפעהלט מיטצומאַכען אַלעסדינג;
אויפגעצויגען לוקסוס אויף דעם העכסטען סטרינג.
געבויעט הייזער, אַלע שעהנסטע פּאַלאַצען —
נישטאָ אַזוי פיעל געלד עס אָבצושאַצען.
מיט אַלע איינריכטונגען געבויעט הייזער,
ווי דער רייכסטער מאָנאַרך אָדער אַ קייזער;
אימפּאָרטירט מאַטעריאַלען מיט אַלע פּראָפעקטען,
די געלערענסטע בוי-מייסטער, די גרעסטע אַרכיטעקטען,
באָטאַניקעס, וועלכע זיינען אין פּרעכטיגסטען גלאַנץ,
וואָס פערשטעהען יעדעס גרעזעל, יעדען פלאַנץ,

ווײנגערטנער אזעלכע וואָס גיבט נישט די צווייטע,
מען קען עס נישט זעהן בײ די רײכסטע לײטע.
וואָס פאַר אַ פרוכט־בוים אויף דער וועלט גיבט,
האָב ניט פערפעהלט, נישט געסקיפּט,
געוואוסט אַלע וואַסער־אָדערען, זײערע וועגעלאך,
ווי פלאַנצען פעפער, ווי צימרינג־נעגעלאך,
יעדען באָדען וואָס פאַר אַ זאָמען עס טויג איהם,
ווי פײגען, טײטלען, ווי פּאָמעראַנצען, אתרוגים;
געפלאַנצט וועלדער געדיכטע אויף בוי־מאַטעריאַל,
אונטער־אירדיש געצויגען פיר יעדען זײן קוואַל
דורך צעמענטענע גרובען, רעזערוואַרען מיט וואַסער,
געמאַכט די בוימער צווײגהאַפטיג, פײכט און נאַסער.
דיענסטען און קנעכט האָב איך געהאַט אַ מאַסע
פון יעדען פאָלק און פון יעדער ראַסע;
אויפזעהערס, פערוואַלטערס גאָר אַ סך,
זאָלען צײגען אַיעדען צו טהאָן זײן זאַך;
שטאַהלען מיט פיה גאָר אומבאַשרײבליך,
אָקסען, שאָף, קעלבער, מענליך און ווײבליך
אוים מוסטערס פון קעמלען, אײזלען, פערד וואונדערבאַרע
געבאָטען פיעל דעם עגיפּטישען קעניג פּרעה
מײנע אַנטיקען, געטאַקטע, און געשווינטע,
איבערגעטראָפען אַלע קעפּ די געקרוינטע;
גאָלד און זילבער גאַנצע הויפענס מאַסען,
פערשלאָסען און בעוואָרענט אין פײער־קאַסען;
באַדע־צימערען, וואַנעס פון עלפענבײן ווײסע,
פאַנטאַנען האָבען געשפּריצט וואַסער קאַלטע און הײסע;

פיש אַלערליי וואָס עס גיבט נאָר קאָלירען
געזעהן זיי אין מיינע טייכעלאַך שפּאַציערען;
וואו נאָר אינסטרומענטען, מוזיק־אָרקעסטע —
אַלץ מיינע געווען, די שעהנסטע און די בעסטע:
גאָלדענע קאַלעסען, זילבערנע רייטוועגען, —
אָבגעקאָסט אַן אוצר, אַ גרויסער פערמעגען.
פון אַלע קעניגע וואָס האָבען עקזיסטירט
האָט קיין איינציגער אַזאַ מלוכה נישט געפיהרט.
וואָס די אויגען געזעהן, דאָס האַרץ געטראַכט —
נאָר נישט פאַרלאָזט, אַלעס מיטגעמאַכט.
און ווארום מיר איז געלונגען די גאַנצע צייט? —
ווייל די חכמה איז געשטאַנען ביי מיין זייט.
און ווי איך האָב זיך גענעבען אַ דרעה אום,
האָב איך ווידער אויסגעפונען: אַלעס איז דום.
און דאָס אַלעס איז נאָך נישט קיין אָנפאַנג
וואָס איך האָב געקלעהרט פיעל יאָהרען לאַנג.
איך האָב דאַך געפיהלט אין מיין הערץ
אַז כ׳בין הינטערשטעליג און בין צו קערץ.
דען נאָך מיין ערהאַבענעם געדאַנק דעם שטאָלצען
וועלכע איך האָב אַלעס צוזאַמענגעשמאָלצען,
אויסגעטייטשט אַלעס מיט דריידלעך, שפּיצלעך,
און וועל זאָגען אַז די לוקסוס זענען אוננוצליך.
און מען האָט עס נישט געברויכט נויטיג,
ווייל עס ברענגט דאַן צרות מיט וועהטיג.
אָט ענדע האָב איך זיך איבערגעקלעהרט,
אַז דאָס האָט אויך אויף דער וועלט אַ ווערטח,

ווייל ווען דאָס זאָל נישט זיין זיכטבאַר —
ווי וואָלט מען אונטערשיידעט פון חכם ביז נאַר?
ווי אַזוי ווערט מען אַ בעוואוסטער, אַ געניטער? —
ווען מען פאַרזוכט זיס, ווייסט מען וואָס ביטער.
ווען שפירט מען פינסטערניש, גיהנם קוועלע —
ווען די זונשיין אבטרעט איהר שטעלע.
אַזוי ווי ליכט איז פרייד און פינסטערניש אַ לאַסט —
אַזוי איז חכמה פון נאַרישקייט דער קאָנטראַסט.
דער קלוגער: זיינע אויגען זענען אין פרונט,
ער זעהט בעפאָר יעדע מכה, יעדע וואונד.
ער קלעהרט אויף אַלעס, לאַנגזאַם זיך וואונדערט,
דורך זיין איבערלעגונג ווערט שלעכטעס פערהינדערט.
דער דומער אָבער: אין פינסטער ער טאַפּט,
ער ווערט באַשעדיגט, ער ווערט צוקלאַפּט.
און ווען אפילו עס איז אמת זאָגאַר
אַז ביידען גלייך לויערט דער טויט-געפאַהר,
אָבער דער אונטערשיעד פון דעם צו יענעם —
דער קומט אין גן-עדן און דער אין גיהנם.
זאָל דען דער געדאַנק האָבען אַ ווערדע?
ווען ביידע קומען צוריק אין זעלבער ערדע?
און דאַמיט לאָזט זיך שוין אַלעס אויס? —
עס קומט נישט איינעם מעהר פון דעם צווייטען אַרויס.
נאָך וואָס האָב איך גיטער זאָ פיעל געשאַרפּט?
און נאָך וואָס האָב איך דאָס אַלעס געדאַרפט?
ניין! דער געדאַנק וואָלט געוועזן זעהר באַרבאַריש
אַזוי צו טראַכטען, איז עקעלהאַפט און נאַריש,

ווען זיי זענעןביידע שוין אויף יענעם עולם.
ווי עראינערט מען דעם חכם און ווי דעם גולם?
אויף דעם גוטען און אויף דעם גרויסען חכם
זאָגט מען נאָר גוטעס און לויטער שבחים.
דעם גוטענ׳ס טהאַטען פון זיין לעבענס-דויער:
ער פעהלט איבעראל, ביי יעדען אַ טרויער.
אונטערשטיצט בתי יתומים און מושב זקנים,
מיטגעפיהלט האָט ער מיט יעדען איינעם.
ער האָט זיך בעוואָרענט אויף זיין רייזע
מיט גוטען פראָוויאַנט, מיט פיינע שפּייזע,
און וואָס זאָגט מען אויף וועלכען ער איז פאַרדאָרבען,
הלואי וואָלט ער שוין לאַנג געוועז געשטאָרבען.
קען איך דען זאָגען עס איז איין קאָמאַנדע?
ניין! דעם צדיק קומט שבחים, און דעם שלעכטען שאַנדע.
נאָר יעדענפאַלס איז מיר מיין לעבען איבעל,
אַז איך דערמאָהן זיך אָן פינסטערען גריבעל.
איך וועל געהן און אַלעס לאָזען צוריק,
ווער ווייסט צו מיינע קינדער וועלען האָבען דאָס גליק.
מיינס אַ קינד קען זיין אַ לומפּ, אַ פערשווענדער.
נאָך וואָס רייס איך אַיין שטעדט און לענדער?
אַמאָל האָט מען אין קבר בושה,
ווען קינדער רייסען זיך ביי דער ירושה,
און אָפּטמאָל נאָך ביי לעבענס-טאָגע.
דער מענש האָרעוועט מיט שוויים און פּלאָגע.
קאָרג ער לעבט, אַז עס איז אַ גרוויל,
פאַרגינט נישט דעם ביסען וואָס נעהמט אין מויל.

בעפאַלען איהם רויבער, ווילדע טיגער,
ווילדע שלעכטע מענשען און בעטריעגער,
און מאַכען אויס איהם געשווינד אַ תל.
ער ווירד בעטראָגען און אַ קבצן שנעל,
און נאָך פון יעדען איינעם אויסגעלאַכט, —
פון טייוועל'ס וועגען אַ פערמעגען געמאַכט.
וואָלט ער דען נישט געוועזען בעסער־אָפּ,
ווען ער גיבט זיך בעפאָר צוריק אַ כאָפּ.
עס און טרינק, דעם צווייטען אויך גיב —
דאָס איז דער פערלאַנג פון לעבענס טיפּ.
זיי אויפמערקזאַם און זיי אַ מענשען־קענער:
האָסט דו — זאָל אויך געניסען יענער.
ווער איז דאַצו זאָ בעפאָלמעכטיגט?
נישט דו אליין — יענער איז אויך בערעכטיגט.
דעם גוטען מענש קומט אַריין גוטע געפיהלען.
דיר איז וואַרים — זאָל יענעם אויך נישט קיהלען.
און דעם שלעכטען גיבט מען אַ קאַרגע נאַטור,
ער זאָל אָנזאַמלען אַ פערמעגען אַלע זיינע יאָהר.
ער האָט דאַרויף גאָר נישט צו בעפעהלען —
ער האָלט נאָר דאָס געלד אין איין צעהלען.
ער האָט דאַרויף קיין מאַכט, קיין קראַפט,
דער רוח, איבער זיין פאַרמעגען ער שאַפט.
ער האָט עס געזאַמעלט פון בעטרוג און גזל,
ער שטאַרבט אַ נאַר, אַ דומקאָפּ, אַן עזל.

## קאַפּיטעל ג.

יעדערע זאַך האָט זיך איהר בעשטימטע צייט,
אויף יעדען געגענשטאַנד קומט זיין געלעגענהייט.
עס גיבט נישט קיין פּלעצליכע צופעלע,
די צייט ברענגט אַלעס צו איהר שטעלע.
אויך יעדען מענשען'ס וואונש און פערלאַנג
קומט מיט דער צייט נישט דורך צוואַנג.
ווען דער מענש רעכענט אויס מיט וואָג און מאָס,
אָבער אַם ענדע איז עס ווי אַ זייפען־בלאָז,
אין וועלכעס ער דעריבער ניעמאַלס דענקט,
קומט די צייט און דאָס איהם ברענגט.
די צייט איז ווען דער מענש ווערט געבוירען,
דאַן קומט די צייט — ער ווערט פערלוירען.
אַ צייט איז דעם בוים צו פּלאַנצען,
אַ צייט איז ווען מען צוהאַקט איהם אינגאַנצען.
שלאַכט־צייט איז צו שיסען און ביילען,
פריעדענס־צייט מאַכט אַלעס אויסצוהיילען.
אַ צייט איז ווען מען הייזער צו הויעט,
אַ צייט איז ווען מען זיי אויפבויעט.
אַ צייט איז ווען דער מענש וויינט, טרעהרען גיסט,
אַ צייט ווען ער פרייד אין לעבען געניסט.
אַ צייט ווען דער קלאָג־לידעל פערשפּרייט זיך,
אַ צייט פון'ם טענצעל וואָס יעדער דרייט זיך.
אַ צייט ווען מען שטיינער וואַרפט אַוועק,
אַ צייט ווען מען זוכט זיי אויף יעדען ברעג.

א צייט צו האלזען, קושען און געניסען,
א צייט וואס מען דארף זיך דערפון מיאוס'ען.
א צייט איז וואס מען וויל א זאך ערדרייכען,
א צייט איז וואס מען וויל עס אויסווייכען.
א צייט וואס מען היט א זאך איין אנטיק,
א צייט וואס מען ווארפט עס אוועק צוריק.
א צייט וואס מען רייסט א קלייד אויף שטיקער,
א צייט ווען מען קריעגט עס, איז זים ווי ציקער.
א צייט ווען דער מענש יענעם פערשווייגט,
א צייט ווען מען דעם צווייטען דרך־ארץ צייגט.
א צייט איז ווען מען איז דער בעסטער פריינד,
א צייט איז ווען מען ווערט זיך גרעסטע פיינד.
א צייט ווען א פאלק מלחמה פיהרט,
א צייט ווען פריעדען ווערט דיקטירט.
אלזא — ווען די צייט צו אלעמען ברענגט,
וואס איז די ווירקונג ווען מען זיך איינשטרענגט.
ווען נאך אלע דיינע פארלאנגטע גליקען,
ביזטו געצוואונגען צו דער צייט צו ביקען.
ווארום האסטו דיין קאפ זא געהוילט?
און וואס האסטו דען דאמיט גע'פועל'ט?
דער מענש ער לויפט און טראכט און זוכט,
פאר דער צייט וויל ער אבדייסען די פרוכט.
עס איז אבער שווער און אוממעגליך,
די צייט ברענגט איהר רעזאלט טאג־טעגליך.
דאן — ער שטארבט — די וועלט אבווייכט,
און קיין האלבען וואונש נישט ערדרייכט.

חאַב געדולד, שיק נישט בעפאָר קיין נאָטים,
אַלעס קומט מיט דער צייט, מיט בעשטימונג גאָטעס.
דאָס איז אויבען די געהיימנים דער שעפונג,
דער מענש זאָל נישט וויסען די ווייטערע טרעפונג.
ווייל ווען דער סוד זאָל זיין אַנפּערטרויעט,
וואָלט מען נישט געהאַנדעלט, קיין הייזער געבויעט.
ער וואָלט נישט הייראַטען און ניכטס ערוואָרבען,
די וועלט וואָלט לאַנגזאַם אָבגעשטאָרבען.
אויב דו ווייסט נישט ווען די ענדע קימט,
זיי פרעהליך, מוטהיג, נישט ברוגז פערקרימט,
היט אָב דיין קערפּער, היט דיין זעעלע,
עסען און טרינקען און היטען גאָט'ס בעפעהלע.
ווען דעם מענשען אויף זיין גוטס נישט טוט באַנג,
איז דאָס גאָטעס גנאדע אַ הימלישער געשאַנק.
די מענשען וועלכע לעבען קאַרג און אין צווייפעל,
איבער זייער פערמעגען, רעגיערט דער טייפעל,
אַלעס פון גאָט איז דעם מענשען צו גינסט,
פיר זיין אייגענער טובה, פיר זיין געווינסט,
און ווען עס קומט אויף דער וועלט אַ קאַטאַסטראָפע,
דורך מענשען'ס אויפפיהרונגען קיינע בראפע,
האָט דער מענש דערינען זעלבסט די שולד,
ווייל ער האָט זיך געפיהרט אומגעלומפערט און ווילד.
גאָט מאַכט דיך רייך, ער מאַכט דיך פערליערען,
און דאָך מוזטו מורא האָבען און מוזט רעספּעקטירען,
ווען יעמאנד דעם צווייטען שלעכטעס טהוט,
ער פערשעהמט איהם, פערגיסט זיין בלוט.

ער איז נאָך גערעכט, וויל ער בעהויפּטען,
אָבער גאָט איז שטענדיג מיט'ן בערויבטען.
איך בעטראַכט עס קומען פּאָר אונרעכטע,
מען בעשטראָפט אַמאָל אומשולדיגע, גערעכטע,
דער שולדיגער דרעהט זיך אויס פון געזעץ,
אָבער ער פאַלט דאָך אַריין אין דער נעץ;
זיין אורטייל איז פער'חתמ'עט מיט'ן הימלישען זיגעל,
עס טראָגט לאַנג, אָבער עס צוברעכט דאָס קריגעל,
עס גיבט מאַנכע געהען אום שטאָלץ מיט קוראַזש,
דער אָרימער איז ביי איהם שמוץ און אַש,
ער איז אינדעפּענדענט, ווייל ער איז רייך,
ווי אַ פערד טראָגט ער דעם קאָפּ אין דער הויך,
ווייל זיין גראָבער געפיהל איהם זאָ דיקטירט,
אַז דער מענש מיט דער בהמה גלייך פּאַסירט.
נאָך דעם שעכטען געהט דער בהמה דאָס לעבען אַרויס,
דער מענש נאָך דעם שטאַרבען לאָזט אַלעס זיך אויס,
ווען אַלעס געהט צוריק אין דער ערד —
וואָס האָט דער מענש דאַן אַ גרעסערען ווערטה?
ליידער דיזער מענש איז זעהר קורצזיכטיג,
זיין פערשטאַנד איז איהם נישט ליכטיג —
ער מוז מעהר פערשטעהן און קענען פיהלען.
די צוויי זאַכען האָבען קיינע גלייכע ציעלען.
די בהמה איז טויט איז מיט איהר שלום;
מעהר קיין שטראַפע און מעהר קיין גענום.
דעם מענשען'ס שטאַרבען איז נאָך נישט דאָס לעצט —
די נשמה מוז ווערען צוריק איינגעזעצט.

דעם מענשענ׳ס בעגריעף איז נאָך צו קערץ
צו פערשטעהן וואָס מיינט נשמה׳ס שמערץ.
דאַרום פרעה דיך, קאַרג נישט דיין געלד —
דו נעהמסט עס נישט מיט אויף יענער וועלט.
און אויב דיינע קינדער וועט עס גליקען,
דאַן וועסט עס שוין נישט זעהן, נישט ערבליקען.

## קאַפּיטעל ד.

איך בעטראַכט ווידער פעהלערן פון אַנדערען שטאַנדפּונקט,
ווי דער שוואַכערער ווערט בערויבט און איינזיינקט.
דער וואָס האָט קיין שטאַרקע מוסקולען, קיין מאַכט —
דער איז דער ערשטער צו פערליערען די שלאַכט.
ער איז הילפלאָז, ער איז אַ בעטויבטער,
אימער און אייביג איז ער דער בערויבטער.
זיינע טרעהרען גיסען זיך הימעל־שרייענד —
דער רויבער לאַכט איהם אין די אויגען שפּייענד.
עס איז אונרעכט, יעדער איינער דאָס ווייסט,
דאָך געפינט ער נישט קיין הילף, קיין טרייסט.
פון אַזעלכע שמערצען און פון אַזעלכע ליידען,
דען מוז איך שוין דעם געשטאָרבענעם באַניידען.
ווייל אין גראבען, אין דעם רוהיגען אָרט
גיבט שוין קיין רויב, עס גיבט שוין קיין מאָרד.
דאָרט גיבט קיין מאָנאַרכען, קיינע גראַפען ;
קיינע אונטערטהאַנען, אויך קיינע שקלאַפען.
און נאָך מעהר פון די שוין פערלאָרענע
בענײידע איך די נאָך ניט געבאָרענע,
וועלכע האָבען נישט מיטגעמאַכט די מעטאָדען,
נישט איבערגעטרעטען דעם זינדיגען באָדען.
דער לעבעדיגער וויל נאָר העכער קלעטערען,
דעם צווייטען ערנידעריגען, אַרונטערשמעטערען,
יענעם גאָר נישט, איהם איין פאַלען גאַבעל,
אָה, איז דאָס שענדליך און מיזעראַבעל !

פאַראַנען מענשען פוילענצע אין נאַטור,
פיינד צו אַרבייטען אַלע זיינע יאָהר,
ער וויל זיינע הענד גאָר נישט אַיינריעסען,
צו קיין אַרבייט קען ער זיך נישט אַיינשליסען.
ער האַלזט און קושט זיינע אייגענע הענט,
וויפיעל ער פערמאָגט אויף זיך אַליין ער ספּענדט,
דאַן לאָזט זיך אוים זיין פערמעגען פּאַוואָליע,
ער קען שוין נישט מעהר שפּיעלען זיין ראָליע.
זיין געלד פערשווענדט אין איין אויסברענגען,
דאַן קומט איהם אוים זיך אויפצוהענגען.
בעסער איז דער פערדיענטער עס-לעפעל,
ווי אַ גע'גזל'טער שיסעל, אַ פולער שעפעל.
אַ מינוט איז ער גליקליך, גרויס אומגעהייער,
ער פאַלט אָבער אַריין, ער בעצאָהלט טייער.
איך שוי ווידער אַן, די וועלט בעטראַכט,
ווי איין מיסטעג איבער'ן צווייטען מען מאַכט.
מאַנכע מענשען, וועלכע לעבען נאָר פאַר זיך,
ער טראַכט פאַר קיינעם, ער זאָרגט נאָר פאַר'ן איך.
קיין ברידער, שוועסטער, אָנקעל אָדער טאַנטע,
קיין פרוי און קינדער, קיין בעקאַנטע.
איינזאַם לעבען — דאָס איז בלויז זיין צוועק.
דערווייל לויפען די פאָר יאָהר שנעל אַוועק.
ער שטאַרבט אָב און לאָזט אַלעס איבער —
זיין פערמעגען געהט צו ווילד פרעמדע אַריבער.
ער האָט נישט גענאָסען פון זיין גזלה און רויב,
קומט אַ צווייטען אין מויל אַריין אַ געבראָטענע טויב.

איז דאָס נישט אַ דומהייט, אַ ווילדער משוגעת?
דער ערגסטער פעהלער, דער גרעסטער גרייז.
דער איבערלעגטער מענש, נאָבעלער, פיינער —
ער בערעכענט אַז צוויי איז בעסער ווי איינער.
אַלעס אין צווייען איז שטאַרקער און דויערהאַפטיג,
עס איז מעהר אַנגענעהם, עס איז מעהר זאַפטיג.
ווען איינער פאַלט, ער ווערט אונטערדריקט;
דער צווייטער שטעלט איהם אויף און הילפע שיקט.
אָבער דער איינזאַמער, עס טרעפט איהם אַ פאַל,
בלייבט ער ליגען, עס איז איהם ביטער ווי גאַל.
אויך אין גרעסטען פראָסט, עס פרירט די אויערן;
ווערענד צוויי בייזאַמען ווערען נישט געפרוירען. — —
אָבער אַ סינגעלמאַן, זאָל זיך גאָט דערבאַרימען —
עס האָט איהם נישט ווער אָנצואוואַרימען.
גוטע געזעלשאַפט אין דרייען איז שעהנער און מעהר,
אַ פאָדים אין דרייען איז צו רייסען שווער.
בעסער אַ קינד וואָס איז קלוג און דרייסט
פון איין אַלטען וואָס גאָר נישט ווייסט.
דאָס קינד לערנט מעהר חכמה טאָג-טעגליך,
איין אַלטער נאַר איז גאָר נישט באַוועגליך.
פאַרהאַן אויף דער וועלט גרויסע קעניגע,
און זיינען נישט קיין איבערגעשפיצטע קליגע.
פון קיין ריינעם שטאָף שטאַמט נישט דער מאָנאַרך,
קלוגשאַפט מוז קומען פון אַ ריינעם לויטערן מארך.
דער קעניג ווערט אויך געבאָרען נאַקעט און דום,
דער שכל ווערט נישט ברייט ענטוויקעלט ביי איהם.

ווען ער פיהרט נישט זיין לאַנד דיפּלאָמאַטיש, גרעסער,
דאַן איז אַ קליין קינד פון איהם פיעל בעסער.
איך פאַס זאָ גוט אויף, באַמערק יעדער זאַך,
די שפּעטערע דורות וואָס פאָלגען נאָך.
געננג זיינען געוועזן די ערשטע נישט נוציג;
די לעצטע נאָך מעהר פערדאָרבען, שמוציג.
אָבהיטען זאָלסט זיך, ווען געהסט אין שוהל,
זינדיג נישט און ברענג נישט קרבנות פיעל;
גאָט פאַרלאַנגט נישט דיינע קרבנות, די אָפּער
זיי נישט מאַסקירט, קיין גאָטס פאָפּער.

## קאַפּיטעל ה.

מענש, זיי נישט מיט דיין מויל איבערלויפיג,
לאַנגזאַם, געלאַסען, ווי אַ נאָרמאַלער דפק.
ווען שטעלסט דיך בעטען פירן בעשעפער דער וועלט,
האַק נישט, פלויש נישט ווי דיר געפעלט.
לאָז איבער אַ שטיקעל פיוט, נישט אַלע מאָל געראָט עס,
ווען פאַרשטעהסט עס נישט, ברענגט עס דיר קיין גוטעס.
ווען דער שוואַכער איז אויבען, דער גבור אונטען,
קען דער שטאַרקער קריגען אַ קלאַפּ אַ געזונטען.
איבערהויפט ווען דער שטאַרקער איז דער אָבערער,
ווי קען דער שוואַכער זיין דער ערדויבערער?
גאָט איז אין הימעל און דו אויף דער ערד, —
וואָס האָסטו שוועכלינג געגען איהם פאַר אַ ווערטה?
איין איבריג וואָרט דיינס קען באַלד פּאַסירען,
זאָלסט דיין גאַנץ לעבען לייכט פאַרלירען.
דאַדורך ראַטה איך דיר צו וואָהל און בעסט;
לעג איבער דיין וואָרט, וועג עס און מעסט.
אַזוי ווי אַ טרוים איז מיט נאַרישקייט פאַרמענגט,
אַזוי צו פיעל רעדען קיין גוטעס נישט ברענגט.
ווען דו ביזט מנדר עטוואָס אַליין פריי־וויליג,
קאָם עס נאָך, זאָל דאָס מויל נישט זיין ביליג.
זיי נישט מנדר און גיב גאָט קיין שויא —
פאַר נישט באַצאָהלען, ריזיקירסטו דיין פרוי.
בעסער זאָלסטו מיט'ן מויל נישט אַרויסריידען,
דאַמיט דיין בלוט און פלייש זאָל נישט ליידען.

מאך דיך נישט אומשולדיג, אומגערן און פליים,
וואָרום זאָל גאָט אויף דיר ווערען בייז?
ער ווייסט בעסער דיין אינערליכען געדאַנק.
ער בעשטראָפט גוט, טראָץ וואָס ער וואַרט לאַנג.
פון צופיעל נאַרישקייטען, וואָס מענשען פלוידערן,
קומען די חלומות ביינאַכט איהם אויפשוידערן;
ווערענד אָבער נור גוט ווען דו דענקסט,
שלאָפסטו געשמאַק, קיין שלעכטעס דיר ברענגסט.
פיליכט זעהסטו אַ לאַנד פון רויב און שווינדעל,
רויבער, מערדער, איין פערפלוכטעס געזינדעל,
און גאָט קוקט עס צו און ער שווייגט.
קיינע שטראָפע אויף זיי נישט אַרויף לייגט.
דאַן האָסטו אַן אירטום, אַ גרויסען טעות,
ער וואַרט לאַנג, ביז עס ווערט פול די מאָס.
ער פערלענגערט דעם צאָרן, ער איז געדולדיג.
אָבער ער באַצאָהלט, ער בלייבט נישט שולדיג.
יעדער איינצעלער איז אונטער זיין מאַכט
פון יעדען ער ווייסט, פון יעדען ער טראַכט.
ער האָט מיליאָנען שלוחים, אונצעהלבארע,
אויף ים, אויף טריקעניש, אין דער ווילדער זאַהאַרא.
אויך די גאַנץ עקעלדיגע באַשעפענישען זאָגאַר,
וועלכע מען דענקט, אַז זיי זיינען אומנוצבאַר;
די מיאוסע אינזעקטען, וואָס זיינען באַשאַפען, —
אַלעם איז נור דעם שלעכטען צו באַשטראָפען.
ווער עס ליעבט צו פיל געלד, דער איז נישט קלוג,
ווען ער נעמט זיך קיינמאָל נישט גענוג.

פון צופיעל בעדיענערשאַפט, פרויען אָדער מענער,
דיעזער ווערט אָרים, די שפייז קאַמער קלענער.
אַמאָל לויפט דאָס גליק צום מענשען וואָס שנעלער,
און ער פערברענגט עס אויף הוליאַנקעס, בעללער,
מיט גוטע ברידער, פערברענגט טאָג און נאַכט,
דאַן ווערט ער פון זיי אויסגעלאַכט.
דער שלאָף פונ׳ם אַרבייטער איז געשמאַק, זיס:
עס קומט פריהמאָרגען — ער איז אויף די פיס.
ווען ער עסט גוטעס — פיעל אָדער ווייניג,
איז ער גליקליכער פונ׳ם גרעסטען קעניג.
אָבער דער רייכער נור, נאָך פערמעגען שטרעבט,
ער האָט קיין שלאָף, נישט רוהיג ער לעבט,
ער דענקט נור די וועלט וואָס מעהר איינשלינגען,
דאָס מאַכט איהם נערוועז, גאַנץ אומבאַדינגען.
ער איז אַריינגעטון אין געלד־נאָכדענקונג,
דאָס ברענגט איהם צרות, פאַרשידענע קרענקונג.
דער געלד־גייסט ברענגט איהם אַזוי פיעל ווייטיג,
אַז ער שטאַרבט פלוצלונג, פריה אומצייטיג.
איין שלעכטער שריט — פערלאָרען אַלעס געשווינד,
זאָגאַר קיין ירושה, פיר זיין אייגען קינד.
מיט דעם זעלבען פאַרמעגען וואָס קומט אַהער ארוים,
מיט דיזען קעהרט ער צוריק אין עביגען הויז.
ער נעהמט איין די צוויי טויט־טראָפּענס,
בעדעקט מיט ערד און אַ שטיין צוקאָפּענס,
פון גאַנצען איינרייסען אין געלד מאַכערייען,
פון הייזער און שלעסער, שעהנסטע פּאַלייען.

אַלס נאָר נאָך געלד האָט ער זיין קאָפּ געהווילט,
יעצט ליגט ער אין דער ערד, דאָס פלייש פוילט.
דאַרום זאָלסטו דיך נישט וואַקלען, נישט הינקען,
זאָ לאַנג דו לעבסט, זאָלסט עסען און טרינקען.
זאָלען אויך געניסען נויט־באַדערפטיגע לייט,
ווייל זעהר איז באַשרענקט דאָס שטיקעלע צייט.
דאָס איז דער פערלאַנג פון אַלמעכטיגען גאָט,
דער מענש זאָל זיין צופרידען וויפיעל ער האָט.
ווער עס פיהרט זיך אזוי זיין גאַנץ לעבענס־אַלטער,
דער הייסט אַ שעהנער, אַ גוטער בוכהאַלטער.

## קאַפּיטעל ז.

איך בעטראַכט ווידער אין מיין הייליגער שריפט
זוי פיעלע מענשען באַזיצען זאָ איין אַרט גיפט.
פערהאַנען אַ מענש, וואָס איז אַ גרויסער גביר,
גאָט האָט איהם געבענשט מיט רייכטום אָהן א שיעור.
גרויסע איינקונפטען זיין פערמעגען איהם טראָגט,
אַז ער ווייסט זעלבסט נישט וויפיעל ער פערמאָגט.
קאַרג איז ער זעהר אויף זיך און אויף יענעם,
קיין מיטלייד מיט קיינעם, כאָטש בראָט און ברען איהם.
ער הונגערט און פייניגט זיין קערפּער, זיין לייב;
ער האָט קיין קינד, דער יורש איז זיין ווייב.
ער שטאַרבט און זי הייראַטעט אַ צווייטען;
אומזיסט וואַר זיין איינרייסען זיין אַרבייטען.
וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען, וואָס ניצט עס?
ער האָט געבויעט, דער צווייטער באַזיצט עס.
קאַרג צו לעבען איז זעהר אַ שלעכטע מידה.
מען לעבט אָהן רעכנונג, מען שטאַרבט אָהן ווידוי.
און ווען איינער עררייכט די העכסטע ראַנגע:
ער האָט קינדער און לעבט יאָהרען־לאַנגע,
און לעבט קאַרג מיט ערגערניש אין צווייפעל,
איז פון איהם בעסער דער וואָס שטאַרבט אַ נפל.
ער ווערט געבוירען אין דער גאַנץ טונקעלער שיין —
מיט דער זעלבער פינסטערניש אין דער ערד אַריין.
דורכגעמאַכט די וועלטעל אין גרעסטען געיעג,
זיך פאַרווילט דאָ אַ פאַר געצעהלטע טעג.

די קלאָרע זונשיין נישט רעכט ערבליקט,
פון פרייד איז ער נישט געוואָרען ענטציקט.
וואָס האָט ער דען דאָ צו בעדויערן?
ער ווייסט נישט, האָט נישט וואָס צו טרויערן
ווי דער וואָס זאָל לעבען יאָהרען טויזענד
און מיטמאַכען שלעכטס, טרויעריג גרויזענד,
דעם איז ערגער און הערצענס רייסיג
פון דעם וואָס לעבט נור בלויז טעג דרייסיג.
מאַך דיין מויל זאַט אין קערפּערליכע אינטערעסען,
דאַביי זאָלסט אָבער דיין זעעלע נישט פאַרגעסען.
מיט וועלכען איז דער חכם פונ׳ם נאַר ווידערשפּרעכענד?
ווייל ער ווייסט אַלעס, דעם צווייטען באַרעכענט.
זאָל איך זאָגען עס וואַר מעהר פערנונפט,
ווען דער מענש זאָל וויסען, זעהן זיין צוקונפט,
ווי אַזוי עס ווערט דאָרט אַלעס פערהאַנדעלט,
ווי די באַלוינונג ווערט פאַרוואַנדעלט ?
ניין! עס וואָלט נישט זיין קיין גוטע אויסמאָהלונג,
דאָס וואָלט געהייסען אַרבייט פיר באַצאָהלונג,
און ווען נישט: רופסטו א סטרייק —
וועסט גאָר נישט פועל׳ן — מען צייגט דיר אַ פייג!
ווען נישט דיענען גאָט מיט ליעבע, גוטען ווילען,
הייסט נאַריש, אָהן צוועק, אָהן געפיהלען.
וואָס דער מענש דאַרף זיין — אָרים אָדער רייך
האָט מען שוין בעשטימט דאָרט אין דער הויך.
נאָך וואָס שרייען און דיר זוכען נעהמען ראַכע,
ווערענד דו ביזט ווי די פליעג די שוואַכע.

ער איז דער גרויסער, דער שטאַרקער גאָט,
מוזט אויספאָלגען זיין געזעץ, זיין געבאָט.
וואָס מעהר שימפּפען און העכער קריכען,
אַלץ מעהר צרות אויף דיר אַליין צו זוכען.
זעהר וועניג זיינען ביי דיעזען פאַרשטאַנד
זאָלען וויסען זיך פיהרען האַנד אין האַנד.
די יאָהרען זיינען ווי אַ שאָטען דורכלויפענדיג,
די צייט קומט גיבט קיין אָפּקויפענדיג.
ווען מען ווייסט נישט וואָס אונטערן רוקען שטעהט —
ווי קענסטו וויסען ווי דאָרט עס געהט?

## קאַפּיטעל ז.

דער גוטער נאָמען וואָס דער מענש זיך שאַפּט
איז בעסער פון בוימעל וואָס איז זעהר שמאַקהאַפּט.
זיי ווערען אויסגעוועפּט די בעסטע באַלזאַמען,
אָבער ווייטע שטרעקע קלינגט דער שעהנער נאָמען.
דער שטערבע־טאָג; דעם מענשענס שלום, דער לעצט,
איז בעסער פון געבורטסטאָג, איז מעהר געשעצט.
בעסער איז צו געהן אין אַ טרויעריגער שטיב,
וואו מען וויינט איז מוטהלאָז און טריב,
איידער ווי צו געהן אויף אונטערהאַלטען,
זינגען און שפּרינגען מיט קולות און געוואַלטען.
מען פערגעסט זיך דאָרט, מען געהט אַרוים פון צוים.
מען מיינט עביג וועט זיין אַ לוסטיגער טרוים,
אָבער ביים אָבל זעהט מען דעם שפּיגעל:
נישט ווייט איז דער קבר פון דעם וויגעל,
און ווען דער לעבענדיגער דאָס צו זעהט
קען ער זיך בעדענקען איידער עס ווערט צו שפּעט.
ווען האָסט יעמאַנדען געטאָהן עפּעס שלעכט,
איז בעסער זיין צאָרן, ער האָט קיין אומרעכט.
ווען ער בייזערט זיך אויף דיר גוט אָב,
געהט זיין האַס באַלד פון דיר אַראָב.
אָבער ווען ער צייגט זיך גלייכגילטיג גאָר,
איז אַ סימן פון האַס אויף אַלע יאָהר.
ביי די געלעגענהייט די ערשטע און בעסטע
נעהמט ער פון דיר ראַכע די גרעסטע.

דאָס הערץ פון קלוגען איז ביים אָבל אין הויז
ווי אַזוי צו העלפען איהם פון נויט אַרויס.
צו גוטע טהאַטען איז ער אָן אונטערנעהמער,
יענעם צו מאַכען גוט און בעקוועמער.
דער נאַר דענקט נאָר פון עסען און זויפען,
וואו נאָר נאָך לוסטיגקייט אומצולויפען.
בעסער איז הערען אַ געשריי פון געבילדעטען
ווי הערען שפּיעלען אַ דומען, פערווילדעטען.
דעם קלוגענס געשריי איז אויף גוטע לעהרע
ווי דיך צו פיהרען אָרענטליך מיט עהרע.
דער נאַר, וואָס קען זיין דיינער אַ לערנער,
זיין געזאַנג איז אַזוי ווי עס פּלאַקערן דערנער:
מען צינדעט זיי אונטער דעם טאָפּ,
עס גרילצט אין מוח, עס רייסט דער קאָפּ.
בלייבסט ווי ער אין איהם אָבהענגונג,
עס איז מיט איהם אַ שלעכט פאַרברענגונג.
ווען דער קלוגער דעם נאַר אַמאָל פּרעדיגט,
קריגט ער פון איהם געשימפּט, בעלעדיגט.
דער יעניגער, וואָס זיין איבערבליק איז גרעסער
זעהט אַז די ענדע איז פון'ם אָנפאַנג בעסער.
גראַדע ווי עס טרעפט מיט'ן קראַנקען איבעראַל,
ער נעהמט אַ מעדיצין, זי איז ביטער ווי גאַל.
דער אָנפאַנג איז איהם אַביסעל קווילונג,
אָבער אַם ענדע קריגט ער אַ היילונג.
וואָהל איז דעם, וואָס אויף זיין צאָרן רעגיערט,
דאַן ווערען ביידע גוט, קיין שנאה עקזיסטירט.

זאָלסט באַלד נישט לויפען מיט כעס אַרויס,
ווייל שפּעטער צייגסטו זיך פאַר אַ נאַר אויס.
אויף דיין שיקזאַל זאָלסטו זיך נישט באַקלאַגען,
אַמאָהל איז געווען בעסער זאָלסטו קיינמאָל ניט זאָגען.
ווען דו ווערסט פאַראָרימט, פאַרלירסטו דיין געלד,
זאָג נישט עס האָט זיך איבערגעקעהרט די וועלט.
די העכערע מאַכט פיהרט אַלע מאָל וויכטיג,
נאַר מענשען פאַרבייטען דורך פיהרען נישט ריכטיג.
ווען איינער איז רייך, גרויס פאַרמעגליך,
זיי אויף איהם נישט בייז, זיי נישט קלעגליך.
ער האָט געמאַכט געלד מיט זיין איבערלעגונג,
ווי אזוי ער האָט געטאָהן מיט זיין בעוועגונג,
קענסטו אויך מאַכען, ביזטו אויך בערעכטיגט,
זאָנסט בלייב שטיל, מאַך קיינעם נישט פאַרדעכטיגט.
ווייל מיט חכמה, ווען יעדער וואָלט נור געוואָלט,
קען זי מעהר שיצען ווי זילבער און גאָלד.
חכמה בעזיצט נאָך אַ פיעל גרעסערן צוועק,
ווייל געלד לעגט פיעל מאָל דעם מענש אַוועק.
זעה גאָטעס וואונדער, בעטראַכט און בעמערק,
ווי נוצבאַר, ווי שעהן, זיינען זיינע ווערק.
לויף נישט ווייט אַריבער איבער די גרענצען,
דען אין גראָבען קענסטו נישט מעהר ערגענצען.
ווען דער מענש זעלבסט זיך פערקרימט,
דאַן קריגט ער אַלעס וויפיעל איהם קומט.
אין דעם גוטען טאָג, ווען איעדען איז גיט,
זיי גוט געלוידעגט, האַלט אויך שעהן מיט.

אין טרויעריגען טאָג, ווען איעדער טרויערט,
זיץ נישט אין שטוב פעסט איינגעמויערט.
נעהם אנטייל אין איעדען מענשענס פרייד;
שטעה אויך נישט אָב פון יענעמס לייד.
באשאפען האָט גאָט איין זאך פאראלעל דעם צווייטען,
און דו מוזט עס אַלעס גלייכוויכטיג באַגלייטען.
זוך נישט קיין תירוצים, געה נישט פון וועג,
דו מוזט דאנקען פיר אָרימקייט ווי פיר פאַרמעג.
נאָך אין מיינע גאנץ פריהערדיגע יאָהרען
האָב איך פאַרשטאַנען וואָס א מעלה, וואָס א חסרון.
די תורה לערנט אונז: „וחי בהם" זאָלסט לעבען,
זאָ ווייט געה, אָבער נישט איבריגס שטרעבען.
ווען מען גיט דעם קערפער נישט זיין אויפהאַלטונג,
דאַן מוז קומען אַן ענדע, אין לעבען א שפאַלטונג.
עס גיבען צדיקים, וועלכע שטאַרבען יונגערהייט
פון צופיעל פייניגען זיך זייער לעבענס-צייט;
פאַרהאַנען ווידער רשעים, מענשען ניעדערטרעכטיגע,
וועלכע לעבען יאָהרען-לאַנג אין יאָהרען פרעכטיגע.
דאַדורך זיי נישט צו פרום, נאָר אַלעס מיט א מאָס,
האַלט ריין דיין נשמה, דעם קערפער נישט פאַרלאָז.
שטעל נישט אויף דיר צופיעל, זיי נישט קיין קליגער,
וואָרים זאָלסטו ווערען ווילד און א בעטריעגער?
זיי נישט קיין רשע, אין לוקסוס צופיעל נישט לעב,
קיין גרויסע לופט-שלעסער אין דיין געדאַנק נישט וועב.
עס איז אמת פאַקטיש, ווי די זון ריין, קלאָר,
אז צופיעל לוסטיג לעבען, פארקירצט די יאָהר,

װען דו װילסט זײן מיט בײדע זאַכען פאַראײניגט,
איז נישט צופיעל לוסטיג, נישט צופיעל געפײניגט.
גיב יעדענס טײל זײן געברויך, זײן נאַהרונג,
דאַן װעסטו לעבען מיט חשבון, מיט ערפאַהרונג,
האַלט אײנס, און דאָס צװײטע נישט פאַרניכטע,
זײ גאָטספאָרכטיג, טהו בײדענס פליכטע,
די חכמה היט אָב, איהרע זיהן און טעכטער,
מעהר װי צעהן בעאַמטע, שטעדטישע װעכטער,
דען דער מענש — בלוט און פלײש צוזאַמענגעשטעלטער,
אפילו דער גרעסטער צדיק אַמאָהל פעהלט ער.
װען דו װילסט דיך זעלבסט ניט בלעהמען,
זאָלסטו קײן רכילות פון קײנעם נישט אָננעהמען.
הער נישט אױס דעם מענש דעם שלעכטען,
װעלכער קומט צו דיר פון יענעם אָברעכטען,
װען אַפילו דײנע דיענער, אײגענע אַרבײטער,
האָבען דיך געשאָלטען, אײנער און דער צװײטער.
לאָז דיך נישט בעאײנפלוסען, נישט אינסאָלטען,
װײל דו אַלײן האָסט יעמאַנדען אױך אַמאָל געשאָלטען.
איך האָב געמײנט די גרעסטע חכמה צו עררײכען, —
אָבער זי איז צו הױך מען קען זי נישט דערגררײכען.
די חכמה איז זעהר ברײט, הױך און טיעף,
דער גאַנצער געשעפף איז נישט פיר מײן בעגריעף.
איך האָב זיך אװעקגעלאָזט פון אירדישע געדאַנקען,
און אײנגעגעבען זיך אין די העכערע שראַנקען.
עס האָט געגאַרט מײן הערץ, געצװיגען מײן ברוסט,
איך האָב געװאָלט זײן אין הימלישע זאַכען בעװאוסט.

ווּיסען די אורזאַכען פון אַלע גאָטס באַשעפענישען,
און פאַרשטעהן די סודות; פערזיגעלטע טרעפענישען;
די אורזאַכען פון אַלע געהיימס-געגענשטענדען,
וואָס מענשען זיי פערדערבען און אָבווענדען.
מאַנכע ווילען מאַכען באַשעפענישען אויסבייטענדיג
צוויי אונטערשיעדענע זאָמען, פלאַנצען, איינרייטענדיג,
ווי פערד און אייזלען, פרעמדע געשלעכטען,
צווייגלעך פון איין בוים אין אַן אַנדערען איינפלעכטען.
און נאָך די נייע מעטהאָדעם פאַרבערייטונג,
האָט עס קיין ווערדע, קיין איינציג בעדייטונג.
עס בעזיצט גאַר נישט די זעלבע אייגענשאַפט,
איין זאָמע דעם צווייטענס קיין איינציגע קראַפט.
נייגירדע האָב אויך געהאַט פון דער ערשטער שלאַנג,
אויפגעשטעלט ווי אַ מענש וואַר זיין גאַנג.
ער וואַר קלוג: און יעדער זאַך ערקינדיגט,
וואו ער האָט נישט מורא געהאַט און האָט געזינדיגט.
און דאָס נאַרישקייט פון אונזער מוטער חוה —
זי האָט געטהאָן אַ פערברעכען דורך איהר תאוה.
און דאָס גלייכגילטיקייט פון אדם דעם העלד.
וואָס האָבען ביידע געבראַכט טויט אויף דער וועלט.
ליידער קען מען זיך נאָך ווי איינשפאַרען,
קען א מענש די געהיימניסע נישט ערפאהרען.
אין איין זאַך בין איך יאָ געוואָרען אַ געניטער,
אַז מיט אַ פרוי אָנפאַנגען איז גאַל ביטער.
די פרוי, וועלכע אויף מענער לויערט,
ער פאַלט אַ קרבן און שפעטער — באַדויערט.

זי פערשפרייט אַ נעץ מיט איהרע אייגעלאך,
אזוי ווי מען וואַרפט קערנער פיר די פייגעלאך, —
נאָר ווער עס האָט שכל און זעלבסט־רעספּעקט,
דער ערוואַכט באַלד, פון שלאָף ערוועקט.
ווער נישט נאָכדענקט, ביי זיך נישט שפּירט,
דאַן ווערט ער פון גלייכען וועג אַרונטערגעפיהרט.
די געזאַמעלטע חכמה האָט מיך פאַרשטענדיגט,
צו זעהן מיט וואָס יעדער זאַך זיך ענדיגט.
ווען מען שטעלט צוזאַמעןביידע באַלאַנסען,
דאַן זעהט מען די גוטע און שלעכטע פינאַנסען.
וואָרום האַלט איך די פרויען זאָ אַרונטערגעזעצט? —
ווייל זיי האָבען מיך ערנידריגט און פערלעצט.
איך בין אַביסעל אַוועק פון'ם ריכטיגען שטאַנדפּונקט,
געדענקט יעדען פאַלס, דעם חכם אַלעס געלונגט.
גענומען זיך טויזענד פרויען, אַ גאַנצער האַרעם.
אַלע מאָל אַ נייע קריגעריי, אַ נייער ליאַרעם.
אייפערזוכט וואַר גרויס ביי די קעפּ רייסענדיג
איינע די צווייטע, ווילען האָבען אויסבייסענדיג.
זיי האָבען מיר פאַרביטערט מיין גאַנץ לעבען,
דאַדורך האָב איך דעם אורטייל אַרויסגעגעבען,
אַז זיי זיינען אַלע מיט כאַראַקטערע שלעכטע,
צווישען אַלע טויזענד נישט געפינען קיין רעכטע.

ווערהענד א מאַן, וואָס נעהמט אַ פרוי נור איינע,
זיא זאָל זיין אַ געהילפע, אַ בעשיצערין זיינע.
דער לעבט אָב זים מיט איהר זיינע יאָהרען,
מיט איהר לעבען, מיט איהר רייטען און פאָהרען.
גאָט האָט אַלעס באַשאַפען ריכטיג, בעמעסיגט,
נאָר די מענשען אליין האָבען עס פארנאַכלעסיגט.

## קאַפּיטעל ח.

גיבט עס נאָך אַזאַ מין פאַרצייכנים
מען זאָל קענען געבען צו דעם קלוגען אַ פאַרגלייכנים?
ווער קען זיך צושטעלען, צום קלוגען פארגלייכען,
בלויז מיט חכמה קען מען אַלעס עררייכען.
ווען די ערהאַבענע חכמה אין מענשען שוועבט,
דאַמאָלס איז ער גליקליך, אַזוי לאַנג ווי ער לעבט.
די חכמה באַלייכטעט דעם מענשענס געזיכט,
דאָס פּנים איז גלענצענד ווי אַ שעהנעם ליכט!
איך וואָרען דיך מענש פון בונטעווען, אויפהעצע,
היט דעם קעניג׳ס בעפעהל, קום נאָך די געזעצע,
ווען דער ערוועהלטער, וועלכער דאָס לאַנד רעגיערט,
דורך באַשטימונג גאָטעס איינגעשוואוירען, איינגעפיהרט.
זיי נישט באַלשעוויסטיש, זיי נישט רעוואָלוציאָנעריש,
די רעגיערונג פיהרט זיך, דיסציפלין-מיליטעריש.
דיין פאַרברעכען קענסטו נישט קיינמאָל פאַרשטעקען,
גענוג אויפזועהערם זיי זאָלען עס אויפדעקען.
און ווען דיך פעראורטיילען ריכטער פון לאַנד,
דאַן העלפט קיין געשריי און קיין איינוואַנד
און ווען קענסט דיך נישט בעהאַלטען פון די יעניגע,
איבערהויפּט פיר גאָט, וואָס רעגיערט אַלע קעניגע.
דער וואָס פאָלגט אויס גאָטעס בעפעהלע,
דער ווייסט פון קיין שלעכטעס, פון נויט און קוועהלע.
און ווען אַמאָל מיט איהם עטוואָס פּאַסירט,
וואהרשיינליך זאָגט ער האָט גאָט זאָ געפיהרט.

נאָר ער אַליין באַזיצט די מאַכט, די קונסט,
מיר מוזען צונעהמען פערלוסט אַזוי ווי געוואונסט.
יעדעס וועזען האָט איהר בעשערטען ציעל ברעט,
אומפערהאָפט קומט עס, אַמאָל פריה אַמאָל שפעט.
די צייט פון צופאל קומט זאָ ווי א פייל דרייסט.
און ווער קען דאָס זאָגען פאָראויס — ווער ווייסט?
און ווען דער מענש זאָל שוין זאָגאַר וויסען
דעם שטאַרבע־טאָג ווען ער ווערט ענטריסען —
קען ער דען דאַצו מאַכען אַן אָבהאַלט?
קיין מענש אויף דער וועלט די לופט פערוואַלט.
דען די שעדליכע באַצילען, וועלכע די לופט ברינגט
און זיי אין דעם מענשענס קערפער טיעף איינדרינגט.
זיי זיינען זאָ קליין, זאָ אונזיכטבאַר:
זיי שוינען נישט דעם שקלאַף, אויך נישט דעם האַר.
דער טויט, ער שוינט נישט מאָנאַרכען, קעניגע;
קיין רייכע, קיין אָרימע, קיין דומע, קיין קליגע.
אין שלאַכט קען דער פאַנצער איהם שיצען,
אָבער אין שטערבע־טאָג קען ער נישט ניצען.
דער גביר, דער ריעז, וואָס יעדער שווייגט איהם,
אָבער דער טויטברעכט איהם און לייגט איהם.
איך בעמערק ווידער פערהאַנען זאָלכע לייטע
וועלכע דענקען נאָר שלעכטעס טאָהן איינע די צווייטע.
זעהען זיי א מענש, וואס איז עהרליך און פרים
לאָזען זיי נישט לעבען נור פערפאָלגען איהם.
וואָס איז די ענדע — דער שלעכטער קראַפירט.
פון די אָרענטליכע לייטע אוועקגעפיהרט, —

ער ווערט אויסגעמעקט פון דעם לעבעדיגען בוך,
עס ערמאינערט איהם קיינער נישט דערנאָך.
און ווען ער ווערט אַמאָל ביי יעמאַנדען דערמאָהנט,
איז בלויז מיט פלוך, מיט שפּאָט און שאַנד.
און די קאָלעגען זיינע, וועלכע בלייבען נאַכהער
און פיהרען זיך אויף דעם זעלבען וועג ווי ער,
נעהמען נישט אַרונטער פון איהם קיין ביישפּיעל,
ווי נאַריש זיינען זיי, דום איז זייער ציעל.
דער דומער מענש, זיין פערשטאַנד איז שמאָל,
ער ווידערהאָלט די פראַגע, פרעגט אַלע מאָל:
וואַרום שטעהט דער שלעכטער פונ׳ם גוטען העכער?
וואַרום געשעהט נישט באַלד אַ שטראָף צו פאַרברעכער?
ווען יעמאַנד גאָט׳ס באַפעלע נישט ריכטיג האַלט —
זאָל ער קריגען די שטראַפע אויף דעם אָרט באַלד.
אָבער דער הייליגער באַשעפער, דער גרויסער אַרכיטעקט,
ער באַצאָהלט גאַנץ גוט, עס דאַכט זיך נור אינדירעקט,
דורך פייער און וואַסער, פאַרשידענע וואַפע,
עס לאָזט זיי נישט דורך די קאַטעסטראַפע.
עס ווערט נישט פערשוויגען, עס ווערט נישט פערשווינט—
אַלעס ווערט בעצאָהלט, אַלעס ווערט בעלוינט.
דאָס איז דאָס גרעסטע דומהייט אויף דער וועלט,
וואָס אַיעדער איינער די פראַגע שטעלט.
מען ווערט היציג, ברוגז, אויפגערעגט,
און שטעטס נור די פראַגע יעדער פרעגט:
וואַרום געהט עס די זינדיגע זאָ גוט
און די עהרליכע האָבען נישט קיין גוטע מינוט?

אויף זאַ איין אָרט דאַרף מען פערבויגען אינגאַנצען,
קיין גוטעס טוהן, בלויז עסען, טרינקען און טאַנצען.
מיינע געדאַנקען האָבען מיר נישט געגעבען קיין רוהע,
איז דען דאָס דער צוועק נור שטענדיג האָבען הנאה?
דער בעשלום איז אַז נאָך די אַלע געלייפען
קען מען די זאַך פּראָסט נישט בעגרייפען.
ווי מען זאָל וועלען אויסרעכענען סיסטעמאַטיש,
בלייבט מען הינטערשטעליג, מען בלייבט פאַנאַטיש.
ווען משה רבינו איהם צו וויסען איז דאָס נישט געלונגען,
קענען מיר נישט זיין אודאי קיין וואוילע יונגען.
גאָטס טהאַטען זיינען פּעדעקט, פערהוילען,
בויער נישט דיין קאָפּ, וועסט גאָר נישט פועל'ן.

# קאַפּיטעל ט.

אויף אַזוי פיעל ווייט האָב איך דאָס באַגריפען,
אַז אַלעס ווערט דאָרט אין הימעל אויסגעריפען.
מען קען נישט זיין זיכער און קאָנסעקווענט —
דער מענש האָט זיך נישט אין די הענט.
אויך ליעבע און האַס וואָס עס עקזיסטירט,
קען אַ מענש דאָס ניט האָבען דורכשטודירט.
עס איז אַ געהיימנים, מיט הימלישע זיעגלען,
וועלכע דער מענש קען דאָס נישט אויפרינלען.
דען די פראַגע בלייבט ביז צו היינטיגען טאָג,
עס מאַכט אויף מאַנכע זעהר אַ שלעכטען איינדרוק.
לויט אָבערפלעכליך, נישט גוט דורכשטודירענדיג
אַז צו יעדען איינעם קומט איין גלייך פּאַסירענדיג.
ווי מיר זעהען אָפט — דער שלעכטער בעגליקט, —
דער גוטער ליידעט און ווערט אונטערדריקט.
קען מען דאָך טאַקע פרעגען אַ פראַגע וויכטיג:
זאָל דער וועלטס-ריכטער נישט האַנדלען ריכטיג?
אָבער ניין! פערמיטען פון גאָט צו טאָהן אומרעכט,
דעם שלעכטען טוען גוט און דעם גוטען שלעכט.
ביי איהם גיבט עס קיין שמייכלעריי,
ער טוט קיינעם אומזיסט נישט וועה.
די צדיקים'ס רעכט אַבסאָלוט נישט פאַרבויגען,
און דעם שלעכטען זיין בייזעס נישט פאַרשווייגען.
זאָגאַר דער גליקליכער, וועלכער זינדיגט נאָך מעהר,
פיר איהם וואָלט דער רעטעניש אויך געווען שווער.

ווען מיר זאָלען נישט גלויבען אין אַ העכערער קראַפט,
אַז עס בלייבט גאָר נישט צו ווערען אונבעשטראָפט.
און ביים שטאַרבען, ווען די זעעלע פון מענשען
דערוויײטערט,
זאָל נישט ווערען צוריק ווי זילבער אויסגעלייטערט.
און זאָל דאַן זעהן דעם גרויסען אונטערשיעד
ווי מען שטראָפט פיר שלעכטעס; מען בעלוינט פיר גוט.
די פראַגע וואָלט געווען גרויס, מיט געוואַלד און שטורם:
אַ מענש וועלכער איז בעשאַפען מיט גאָטעס פורם,
מיט אַ בריליאַנטענע זעעלע איהם איינזעצענדיג,
וואָס איז קלוג, שעהן, אַכטבאַר און שעצענדיג —
זאָל מען זי ארונטערלאָזען אין זינדיגען וועלטעל?
פערברענגען מיט נאַרישקייט אין קערפּער־געצעלטעל?
זי זאָל זיך נישט קענען אויף העכער ערהעבען
בלויז פאַר די פּאָר געצעהלטע יאָהרען דאַ אַבלעבען?
פערברענגען די צייט מיט עסען און טרינקען
און נאָך דעם טויט איהר אויף עביג פערזינקען?
ניכט וואהר! דאָס איז קיין פאַקט און קיין באַגרינדונג—
דער באַרמהערציגער פאַרניכטעט נישט זיין ערפינדונג.
אַ בעווייז אַז די זעעלע ציהט צוריק אין איהר זייט —
די יעניגע, וועלכע זיינען פון גלויבען גאַנץ ווייט:
ווען דער אָנקום פון טויט, דערשרעקט איהם —
אַ געדאַנק פון גוט ווערען דאַמאָלסט דערוועקט איהם.
ער וואָלט דאַן געגאַנגען אין וועגען אַנשטענדיגע
און זעהר וויל ער נאָך עקזיסטירען צווישען לעבענדיגע

ער זעהט זיך אין געפאהר: אין שרעקליכען נויט,
בעסער אַ לעבענדיגער הונד פון אַ לייב וואָס איז טויט.
עס פאַלט אויף איהם דאַמאָלסט אנגסט און שרעק,
ער פיהלט אַז ער געהט שוין פון דער וועלט אַוועק.
ער ווייסט אַז ער האָט נישט געטהון זיין פליכט,
בעקומט עפּעס מורא פיר דעם הימלישען געריכט.
ער בעדענקט זיך אויף זיין פיהרונג שלעכטען,
נאָך דעם שטאַרבען קען מען נישט מעהר פאַררעכטען.
דאַן ווידער, ווען נאָך דעם טויט לאָזט זיך אַלעס אויס,
קען דער געדאַנק ווידער צום מענש אַרויס.
עס און טרינק ווארום זאָלסטו זאָרגען?
לעב היינט גוט, פיליכט שטאַרבסטו מאָרגען.
האָסט אָבגעלעבט דיינס? — ווייטער, גוד באיי!
פיהלסט מעהר קיין תענוג, עס טוט נישט מעהר וועה.
וואָס ווייסטו דען וואָס עס גיבט דאָרטען?
האָסט קיין רעכנונגען? האָסט קיין רעפּאָרטען?
קלייד דיך אַלע מאָל אין ווייסען געוואנד;
ערציעל זאָ וויט וויפיעל עס גרייכט דיין האַנד.
בלויז גוטע זאַכען זאָלסטו דיר צואוועהלען.
קיין איינציגע זאַך זאָל פון דיין קאָפּ פעהלען.
וואָהל איז דיר ווען דו נור גוטעס געניסט,
אונטערהאַלט דיך מיט דיין ווייב וויפיעל דיך גליסט.
זיי לייקענען גענצליך דאָס איבערבלייבען דער זעעלע,
נור דער היינט איז זייער שטאַנדפּונקטס קוועלע.
נאָך זאָ אַ נאַרישע אומגעלומפּערטע ערקלעהרונג,
אַז עס גיבט קיין חשבון, קיין פערהערונג

לייקענט ער אָב אין דעם גאַנצען אידישען אָרדען
גלייכגילטיג יענעם בעטריגען, רויבען און מאָרדען.
אָה! דער ווערט פאַרשלעפּט פון אַ צרה צו אַ צווייטע,
קיין גוטע ענדע פיר די פריידענקענדיגע לייטע.
איך האָב נאָך מעהר פאַקטען, מעהר באַווייזע,
פיר די יעניגע, וועלכע געהן אַרונטער פון די געלייזע,
די נישט גלויבענדע אונד אין לוקסוס זיך באָדענדיג,
בעקומען דעם גרעסטען דורכפאַל פיעל שאָדענדיג.
זיי גלויבען נישט אַז עס גיבט אַ באַשעפער,
נור אַלעם איז צופאַל דורך נאַטור אַ טרעפער.
און אַז אַלעם איז דאָ נור אויף דער ווייל, —
זיינען זיי די ערשטע ציעל־ברעט צו פייל
דען ווען די פייל קיינעם אונטערשיידעט,
דעם שוואַכען, דעם שטאַרקען נישט פערמיידעט.
אָם בעסטען ער האָט שוין ביי זיך אָבגעציעלט
קומט די פּאַסירונג אין איהם אָבגעקיהלט.
ער האָט זיך אויסגערעכענט אַ לוסטרייזע ברייט און גרויס,
מיט איינמאָל קומען די באַהנען אין צוזאַמענשטויס.
ער פאָהרט זיך באָדען אין דעם גרויסען ים,
אומגעריכט קריגט ער קרעמפּף, שרעקליכען קראַם.
אַמאָל שלאָפט ער געשמאַק און טייער,
מיט איינמאָל אַ געוואַלד, עס ברענט אַ פייער:
מען שפּרינגט נאַקעט אַרויס פון די בעטען,
פערכאַפּט פון פלאַמען, קען זיך נישט מעהר רעטען.
אין טויזענדער שרעקליכע שווערע פעלע,
וועלכע פערזינקען זיי אין דער טיעפער העללע.

זיי נישט מענשעלע קיין חכם, א וואוילער יונג,
קענסט נישט אויסרעכענען אויף שור טהינג.
נישט דיעזער איז גליקליך און איבערפליסיג,
וועלכער לויפט געשווינד און איז שנעל פיסיג.
נישט אימער איז דער שטארקער דער לאבער,
אמאל באזיעגט איהם איין גאנץ שוואכער.
נישט אימער לעבט דער קלוגער אהנע נויט,
מיר טרעפען גאנץ קלוגע האבען נישט קיין ברויט.
מיר זעהען דאס אפט, מיר זעהען דאס אימער,
אז גאנץ פארשטענדיגע באזיצען נישט קיין רייכטימער.
ווי אויך גרויסע קענערם האבען נישט קיין חן —
ווי שעהן זיי רעדען זעהט עס אוים געמיין.
דער צופאל ער באהערשט יעדען איינעם גלייך.
די וועלכע זיינען ארונטער און די וועלכע זענען הויך.
עס איז פארשטעלטע געדיכטע פארהאנגען,
אזוי ווי א פיש ווערט אין דער נעץ געפאנגען.
זיין געשריי קען קיינער נישט הערען,
קיין איינציגער קען איהם פון טויט אבוועהרען.
דאס איז דער מוסטער פון דעם הפקר לעבען.
זאלסט ריכטיג בעטראכטען און דיר רעכנונג געבען.
מאך אויף דיינע אויגען, צייג דיר איבער לעכטיג,
ווי דו ביזט קליין גאר נישט מעכטיג,
וויפיעל ווייניגער דו וועסט פעלאזאפירען,
אלץ בעסער וועט עס מיט דיר פאסירען.
און וואס מעהר איך פון חכמה נאר זאג
מיין איך נור חכמה, פון תורה דעם פארצוג.

די חכמה לערנט אונז זי וועגט אַלעס איבער,
דעם שטאַרקסטען ריעז, דעם גרעסטען גבור,
פאַרהאַנען אַ מלוכה'לע, מיט מענשען וועניג,
אַמאָל ווערט עס בעלאַגערט פון אַ גרויסען קעניג.
ער בויעט פעסטונגען, ברענגט אַ סך מיליטער,
דאַכט זיך אַז פאַרשלינגען עס, איז נישט שווער.
איין קליינער קאָמאַנדאַנט געפינט זיך אָבער אַ געשייטער,
ער מאַכט סטראַטעגישען גאַנג, מיליטער לויפט ווייטער.
געראַטעוועט האָט ער דאָס גאַנצע פאטערלאנד,
אַס ענדע ווערט ער גאָר נישט דערמאַנט.
שפּעטער קומט מען ערשט צום איבערצייגונג,
וויפיעל עס האָט געווירקט זיין גרויסע איבערלייגונג.
קלוגע ווערטער שפּיעלען ווייט די גרויסע ראָלע,
מען ברויך נאָר פאַרשטעהן אויספּאַסען פּאַוואָלע,
בעסער דעם קלוגענס וואָרט לאַנגזאַם און שטיל,
ווי דער דומער שרייט, מאַכט קולות פיעל.
יאָ, די חכמה, אַז עס בעזיצט זי גוטע פּערזאָנען,
איז זי בעסער פון הארמאַטען, פון קאַנאָנען.
ווען אָבער אַ שלעכטער די חכמה באַזיצט,
פאַרדאַרבט ער אַלעס, קיינעם נישט ניצט.

# קאַפּיטעל י.

אַזוי ווי טויטע פליגען, וועלכע פאַלען שנעל,
ווען זיי פאַלען אריין אין בעסטען בוימעהל,
ווערט דער בוימעהל פערדאָרבען, שמוציג דערנאָך,
ער בעקומט איין אָבשייליכען מיאוסען גערוך, —
אזוי ווען איינער איז מיט חכמה באַגאַבט, געשעצט,
אָבער דאָס קלענסטע נאַרישקייט איהם באַלד פאַרלעצט.
דאָס הערץ פונ'ם קלוגען איז נור צו רעכטע זייטע,
און פונ'ם נאַר איז לינקס — צו דער זייט די צווייטע.
יעדע באַוועגונג פונ'ם נאַר איז עקעלהאַפט,
צי ער איז אונטערוועגענס אָדער אין געזעלשאַפט;
ווען ער איז זאָגאַר אָבגעשלאָסען און איינזאַם,
איז ער אָבשטויסענד, ער האָט נישט קיין טעם, —
גלייך ער וואָלט אַליין געשריגען מיט זיין מויל:
„אַנטלויף פון מיר, עס געהט זיך אָן אַ גרויל!"
ווען עס קומט עטוואס אויף דיר אַ פּאַסירונג,
אַ פאַרליימדונג, אָדער וואָס עס ריהרט אָן די רעגירונג,
ווען דו פיהלסט דיך ריין, ווייסט פון קיין בייזעס,
געה מוטיג אין געריכט, מיט פאַקטען באַווייז עס.
בלייב נישט געפאַלען, שרעק דיך נישט פיעל איבער,
הער זיי לאַנגזאַם, געה מיט זיי אין געריכט אַריבער.
ווען האָסט זאָגאַר אַ שטיקעלע זינד ביי דער זייט,
זיי מודה אַין בעט — דאַן ווערסטו באַפרייט.
ווערענד אָבער דו אַנטלויפסט, ביזטו נישט קראַנט,
די שטראָפע ווערט גרעסער, קומסט זיי אין דער האַנד.

פארהאן א פאסירונג וועלכעס איז זעהר שלעכט,
דער מענש זאָגט אַרויס א וואָרט און זיך דאַמיט שעכט.
מען דארף זיין געוואויגען אויף דער מינדעסטער האַר,
איין וואָרט אינדירעקט ברענגט אַמאָל פיעל צער.
יעקב האָט אויף רחל׳ען קיין שלעכטעס געגלויבט,
דאדורך האָט זיין פלוך איהר לעבען גערויבט.
דער ריכטער איז מאַנכעסמאָל אומגעדולדיג,
זיין אונגערן וואָרט מאכט יענעם שולדיג.
די אונפאָרזיכטיגקייט קען אַמאָל אונטערשיידען
דעם פאַרברעכער מאַכען פריי, דעם גוטען ליידען.
די וועלט טוישט זיך אָפטמאָל צייטענדיג,
געזעהן האָב איך שקלאַפען אויף פערד רייטענדיג.
געוועזענע מאָנאַרכען, באַראָנען האָבען נישט קיין ווערדע,
בלאָנזען אַרום פאַרנאַכלעסיגט אויף גאָטעס ערדע.
דער וועלכער גראָבט א גראָבען יענעם צו רואינירען
מוז אַליין אריינפאַלען, עס מוז איהם פאַסירען.
דער, וועלכער ברעכט אויף אַ צוים, דעם גאָרטען
צוטראָטען,
ער ערלויבט צו טאָהן וואס גאָט האָט פערבאָטען,
דער קען נישט עקזיסטירען, נישט אָנהאַלטען לאַנג,
ער ווערט פערניכטעט, געביסען פון א שלאַנג.
דער, וועלכער וואַרפט שטיינער יענעם צו דערקוטשען,
דער מוז פאַלען און זיך אַליין אויסגליטשען.
ווען איינער אויף דעם צווייטען מיט שטיינער לויערט,
קריגט ער עס צוריק, דאן ער שפּעטער בעדויערט.

ווען איינער אויף דעם צווייטען אַ שטעקען הויבט,
ווערט ער געשטרויכעלט און אַליין פערטויבט.
אזוי ווי וואַפען, שווערדען, ביקסען, שפּיזען,
אַקעגען זיי גיבט קיין גבורים, קיין ריזען,
ווען זאָגאר זי איז נישט שאַרף די שווערד,
אונטערדעסען דעם מענשענס לעבען זי פערצעהרט.
אַלץ איז די חכמה, די שטאַרקסטע אין דער וועלט,
זי איבערשטייגט יעדען גבור, אַיך דעם העלד.
ווען אַ שלאַנג בייסט, טוט דעם מענש פאַרגיפטען,
זי האָט קיין פאַרבאָט, קיינע פאָרשריפטען.
אָבער דער פערלוימדער, וועלכער רכילות נאָר זאָגט,
ער ברענגט פון איינעם, דעם צווייטען צוטראָגט,
ער מאַכט אַ פייער צווישען די גרעסטע פריינד,
זיי ווערען זיך שונאים, די ערגסטע פיינד.
עס טוט איהם דאַן לייד, עס טוט איהם באַנג,
אָבער ער איז פיעל ערגער פון דער שלאַנג.
דאָס מויל פון קלוגען איז מיט איבערלעגונג,
לאַנגזאַם, געלאַסען, אָהן איינציגע אויפרעגונג.
מען הערט איהם אויס מיט גרויס נייגירדע,
אָבער דעם נאַרענס ווערטער האָבען קיין ווירדע.
זיין אָנפאַנג איז דום, די ענדע פערריקט,
קיין מענש זיך מיט איהם נישט קוויקט.
זאָל איהם יעמאַנד נור עטוואָס קריטיקירען,
וועט ער איהם באַליידיגען, שימפּפען, בלאַמירען,
זיין פוסטער שטאָלץ מאַכט איהם וואַהנזיניג,
ער בלאָזט פון זיך, ער איז אַ מפונק.

זיין מאַרך איז ביי איהם אייז־קאַלט,
ער בלאַנדזשעט אַרום ווי אין אַ וואַלד.
ער האַלט שטעיטס איז אַרומקריכען,
קען קיין וועג קיינמאַל ארויסזוכען.
וועה איז דעם לאַנד און פינסטער גענוג,
ווען איהרע פיהרער זענען נישט קלוג.
ווען דער הערשער בלויז פאַרגניגען אין זין האַט,
דאַן איז דאַס לאַנד קאַפוט, עס געהט באַנקראַט.
וואַהל איז דיר לאַנד מיט דיין צוקונפט,
ווען דיין הערשער איז קלוג מיט פערנונפט,
ווען דיינע בעאַמטע זענען נישט פאַרנאַכלעסיגט,
זייער עסען און טרינקען איז אַלעס באַמעסיגט;
ווען דער געדאַנק נור אין עסען, זויפען ליעגט —
מוז אַלעס שטירצען, מוז אַלעס ווערען בעזיעגט.
ווען איינער האַט אַ הויז און קוקט זיך נישט אום,
ווערט עס פערדאָרבען אַרום און אַרום.
ווען אַ קליינע שפּאַרע ווערט אין דעם דאַך,
פעררריכט עס באַלד, בעפאַר עס ווערט שוואַך.
פון קליין ווערט גרויס, אַזוי פיהרט זיך אימער —
באַלד קומט אַ רעגען, פאַרגיסט דיין צימער.
מאַך אַ שמחה דאַמאָלסט, ווען ביזט געצוואונגען,
אַ חתונה, אַ ברית, אויפגעלעבט, מען ברויך זינגען.
אַבער צו מאַכען שמחות אָהנע וואַרום, —
דאַס האַט קיין ווערדע, דאַס איז זעהר דום.
טרינק ווייז, ווען דו ביזט פאַלקאָמען,
זאַנסט מאַכט עס דיך פון וועג אַברוימען.

דער באַטרעפענדער, וועלכער פיהלט עטוואָס ווייטיג,
ברענגט איהם דאָס טרינקען דעם טויט פריהצייטיג.
דאָס גאָלד, דאָס זילבער ברויכט מען שטענדיג,
פיר געזונטען, פיר שוואַכען, יעדען נויטווענדיג.
דאַדורך זיי נישט קיין פוילענצער, לעדיג נישט זיץ,
ווייל געלד קומט איעדער צייט צוניץ.
זאָלסט קיין הערשער אין געדאנק אויך נישט שעלטען,
ווען דו זיצסט זאָגאַר אין פאַרמאַכטע געצעלטען;
אַפילו ווען דו לעגסט זיך שלאָפען אין דיין בעט,
שעלט נישט דעם רייכען, מאַך קיין געשפעט.
דען הימעל און ערד, זיי האָבען געשוואוירען,
אַז קיין זאַך געהט קיינמאָל נישט פאַרלוירען.
הינטער רייד נישט קיינעם, ציה נישט קיין שטריקלעך,
אַלעס קומט ארויס, מאַכסט דיך אומגליקליך.
עס קומט אַרויס יעדער סוד, יעדער פאַרליימנים,
די פויגלען פון הימעל צוטראָגען דיין געהיימנים.

## קאַפּיטעל יא.

וואַרף אַמאָל אוועק אויף וואַסער דיין ברויט,
עס קען דיר העלפען אין צייט פון נויט.
טו גוטעס יעדען, קיינעם נישׁ פערשמאָלען,
ערוואַרט נישט פון יענעם מען זאָל דיר בעצאָהלען.
זאָגאַר ווען דו רעכענסט איהר פאַר אַ פריינד אַ
קאַלטבלוטיגען —
די צייט וועט קומען ער וועט דיך פאַרגיטיגען,
דען דאָס רעדעל גיט זיך אָפט אַ דרעה,
וועט יענער אויך הערען דיין געשריי.
ווען דו טהיילסט פיר זיעבען וואָס יעדער ברויך,
פאַרלאָז נישט דעם אכטען, אונטערשטיץ איהם אויך.
אויף דעם יעניגען, וואָס שטעלט גאָר קיין געוויכט,
דער קען דיר אַמאָל העלפען טון זיין פליכט.
אַזוי ווי וואָלקענס ווערען אין הימעל פערהילט,
גיסט אַרונטער רעגען, די ערד ווערט אָבגעקיהלט.
זי ווערט פייכט, ערפרישט, ניי־געבאָרען,
גיבט אַרויס איהר תבואה, ווייץ און קאָרן, —
אַזוי דאַרף דער רייכער אויך פערוואַלטען,
געבען דעם צווייטען, נישט נאָר זיך האַלטען.
גראַדע ווי פרויכט־בוים שטעהט אין גאַרטען
מען היט איהם שטאַרק אָב, ווייל מען קען עפּיס
ערוואַרטען.
אָבער ווען דער בוים דאַרט אָדער נידערפאַלט,
אין צפון צי אין דרום, אין גאַס צי אין וואַלד,

איז ער נישט מעהר ביי זיין געוועזענעם שטאָלץ,
ער נוצט בלויז צו ברענען, געברויך אויף האָלץ.
דער בעל צדקה איז גלייך צום בוים פון דעם גארטען,
דער קאַרגער איז גלייך צום בוים דעם פערדאַרטען.
ווען די צייט פון זייען איז גראַדע אַצינד,
און ער וואַרט ביז עס וועט קומען אַ ווינד.
דער קען וואַרטען און קיינמאָל נישט זייען.
ווער ווייסט וואו דער ווינד וועט זיך דרייען?
און ווער עס ווארט ביז די וואָלקענס פערמיידען, —
דער קען וואַרטען און קיינמאָל נישט שניידען.
אַזוי ווי דו קענסט נישט וויסען גאַנץ גענוי
דאָס קינד, וועלכעס ליגט אין בויך פון אַ פרוי, —
ווען דיין געדאַנק זאָל זיין ווי געשליפען איידעל,
קענסטו נישט וויסען צי אַ אינגעל צי אַ מיידעל.
און אַזוי ווי דו קיין נביא ביזט,
צי דער ווינד וועט בלאָזען וועסט אָדער איסט, —
אַזוי קענסטו הימלישע סודות נישט דערגעהן
ווי גאָט בעפעהלט — זאָ מוז עס געשעהן.
דאַרום פערזעה פריה, ווען ביזט געזינטער,
אויך פאַרנאַכט לאָז דיינע הענד נישט אַרינטער.
טראַכט אין דער יוגענד, נעהם עס איז זינען —
די וועלט אויפהאַלטונג איז קינדער צו געווינען.
אויך אויף דער עלטער, ווען ביזט נאָך בעוועגליך,
ברענג זאויף דער וועלט קינדער, זוען נור מעגליך.
דען דו קענסט נישט אויסרעכענען מיט ציפערען.

וועלכע עס וועלען דיר מעהר גליק ליפערען.
און פיליכט וועלען אַלע נאָר זיין גרויסאַרטיג.
שטעה נישט אָב, זאָג נישט איך בין פאַרטיג.
דאָס ליכט איז אַזוי זיס, אַז יעדער דערפון קוועלט —
טייער צו די אויגען און צו זעהן די וועלט.
די וועלט איז באַריהמט, אַ פרייד, אָן אַנטיק,
די זון איז אַ היילונג, פיר מענשען אַ גליק.
ווען דער מענש זאָל אַם ווענינגסטענס לעבען זעהר לאַנג,
אין רייכטום שוועבען און קיינמאָל זיין קראַנק,
ער זאָל אַלע יאָהרען בלויז נור גוטעס געניסען,
וואָלט עס געהייסען פון אַ לעבען צו וויסען.
ליידער איז עס אָבער אַ זעלטענהייט.
עס געהט קיינעם נישט אַריבער גלייך די צייט.
מען פאַנגט אָן באַרעכענען, עס ציטערט די הויעט.
אַ יעדען טאָג בערייטעס איז פעליג די נאָעט.
דרום פרעה דיך מענש, ווען ביזט נאָך יונג,
פאַרגין דיר אַלעס גוטעס, עס און טרינק.
פערלאָז נישט די יוגענד לעהר און פוסט,
געניס ווי וויט דיין הערץ נור גלוסט.
נור ביי דעם אַלעמען ווי לאָזט דיר געהן וואָהל,
פאַרנעם דיך נישט, האַלט איבער דיר קאָנטראָל.
עס ענדיגט זיך נאָך נישט מיט דעם די וועלט.
דו מוזט אָבגעבען רעכנונג אין אויבערן געצעלט.
פאַס אויף גוט, נישט זעהר וויט פערקריך,
דען דיינע אַלע טהאַטען זענען פערשריבען אין בוך.

# קאַפּיטעל יב.

געדענק דעם באשעפער אין דיינע יונגע יאָהר,
ווען דער פערשטאַנד איז נאָך ריין און קלאָר,
בעפאָר עס רוקען אָן די שלעכטע טעג,
ווען עס ווערט צו לאַסט לעבען און פאַרמעג.
די עלטער פליהט צו זאָ געשווינד און שנעל,
זי מאַכט פון דעם קערפּער געגצליך א תל.
זי לויפט, גאַלאָפּירט, זי טרייבט מיט בייטשען,
דער גלאנצענדיגער שטערען ווערט פול מיט קנייטשען.
די נאָז זי באקומט א גאנץ אַנדערן קאָליר,
גאָר נישט אין דער פאָרמע ווי זי איז געוועזען פריהער.
עס ווערט גאָר פארענדערט דער גאַנצער פאָרם,
לאַנגזאַם לעשט זיך אויס דער לייכט־טהורם.
די לעבענס קוועלען שנעל זיך אויסלאָזען,
אַרונטער פון די באָקען די פאַרביגע ראָזען.
שוואַרצע וואָלקענס ווי אַ שלייער איבערציהען,
אַ שרעקליכע דונקעלהייט פאַרדעקט די אויגען.
אַזוי ווי אַ ליכטעל האַלט ביים אויסגעהן, צאַנקען,
אַזוי פאַנגען אָן ציטערען די שולטערן, די פלאַנקען.
די זייטען, די שענקלען, דעם קערפּערס פונדאַמענט,
ווערען נערוועז קראַמפּפהאַפט, פיס און די הענד.
זיי ווערען פאַרניכטעט די מיהל־שטיינער,
זיי קייען נישט מעהר, שטומפיג זיינען די ציינער.
די זעהונגס־קראַפט נישט מעהר פינקעלט,
די אויגען שוואַרץ, די ווייסלען פאַרדונקעלט.

די טויערען פערשליסען זיך, אַלעס אויפהערט.
די אָפענונגס גליעדער זייו ווערען צוגעשפּערט.
דער מאָגען נישט קאָכט, דאָס עסען נישט רייבט.
יעדער ביסען נישט מעהר פערדייהעט בלייבט.
עס נעהמט נישט צו מעהר די אויגען קיין שלאָף,
פון א פייגעלעס שטימע וואַכט ער שוין אויף.
די געזאַנגס-אָרגאַנען — זייו ווערען פערקרימט,
הייזעריג און שוואַך, קוים וואָס ער ברימט.
דאָס קלענסטע בערגעלע נישט מעהר איבערשפּאַנען,
ביים קלענסטען גריבעלע איז שוין פּחד פאַרהאַנען.
דאָס פלייש ווערט לאַנגזאַם אַרונטערגעקראָכען,
מען זעהט איהם באַלד אַרוים די בלויזע קנאָכען.
אַזוי ווי דער מאַנדעל-בוים ערצייגט פרוכט פריה-צייטיג,
אזוי ווערט ער אַלע מאָל שנעל מיט ווייטיג.
די קלענסטע פליעג, די שוואַכסטע אינזעקט,
איז אויף איהם אַ לאַסט — באַלד ער זיך שרעקט.
דער פרויען-לוסט ווערט גענצליך אָבגעשוואַכט,
נישט מעהר דעריבער ער דענקט און טראַכט.
עס שיינט איהם אָט לייגט מען אויף דער ערד אַנידער,
באַלד, באַלד וועלען זיך הערען די קלאָג-ליעדער.
דער זילבערנער פאָדים, וואָס איז אין קרייץ געצויגען,
ווערט איינגעשרומפּען, צוזאמענגעבויגען.
עס פאַרשווינדט דער קוואַל פון געשלעכטס-גליעד,
קיין וואַסער-אָבשלאַג, עס געהט מעהר ניט.
דער בויך דער רונדער, ווי אַ שעהנער קריג —
ער ווערט צושפּאַלטען אויף פיעלע שטיק.

און דער שעהנער קאָפּ — זאָ העלדיש און ליב, —
ער פאָלגט נאָך אין דעם פינסטערן גריב,
ביז דער גוף ווערט גענצליך פערצעהרט:
פון וואָס בעשאפען — דאַן ווערט צוריק ערד.
און דער גייסט, די נשמה, דער טייערער שאַץ,
געהט צוריק ארויף, פערנעהמט ווידער איהר פלאַץ.
דאַרום קום מענש, צום בעוואוסטזיין, זיי פערשטענדיגט!
בעטראכט מיט וואָס דער לעצטער אַקט זיך ענדיגט.
און ווען די ענדע איז זאָ מיאוס און עקעל,
איז ווידער אַלעס נאַריש, נישט ווערט קיין ברעקעל.
און וויפיעל מיט חכמה האָט ער ווי ווייט מעגליך
פרעמדע אונטעררי‌כטעט, געאַרבייט אונערטרעגליך;
געצייגט דעם פאָלק מיט פאַקטען און באַווייזע,
אַז דער מענש ברויך אויך האָבען גייסטיגע שפייזע.
אַלעס אַוועקגעשטעלט אויף אַ באַזיס אַ פעסטען,
מיט שעהנעביישפיעלע אַלעס צו וואָהל אם בעסטען.
די געזעצע פון תורה שטאַרק בעפעסטיגט,
ער האָט קיין פונקט נישט פאַרנאַכלעסיגט.
צו די פערבאָרגענע סודות האָט ער געהאַט לוסט.
ער האָט עס עררייכט בערייטס אַלעס געוואוסט.
די תורה האָט ער שטודירט אַלעס גרינטליך,
ווי אויך אַלע דינים מיט אַלע מפורשים מינטליך.
די קלוגע וואָרטען זיינען אַזוי בעליעבט אינטערעסאַנט,
אַזוי ווי א יארמע וועלכע די בהמה איז איינגעשפאַנט,
זי זאָל האַלטען אין פיהרען אין גראַדען וועג —
אַזוי מאַכט חכמה דעם עקזיסטענץ יאַהרען און טעג.

זי איז לויבענסווירדיג מיט דעם פאָלקאָמענעם בעגריף,
געהט אריין אין קערפּער אַזוי ווי אַ נאַגעל טיעף.
זי איז געשמאַק, מיט גאָלד און דימאַנטען בעלייגט,
אַזוי ווי וואָרצלען פון פלאַנצען טיעף פערצווייגט.
די חכמה פון תורה איז פרוכטבאַר זעהר, —
וואָס מעהר מען זוכט — געפינט מען אַלס מעהר.
אַלע מצות, אַלע דינים, וואס איז דאָרט געשריעבען,
דאָס איז איין עביגקייט פיר אונז פערבליבען —
פון אונזער געטרייען פּאַסטוך משה רבינו
וועלכער האָט אונז געברענגט די מתנה די שעהנע.
און וויפיעל איך האָב דיך געוואָרענט ביז אַהער,
זיי מיין קינד געהאָרכזאַם, אָבגעהיטען מעהר.
דיין אייגענער פערשטאַנד דיך דיקטירען מוס,
ווייל אַלעס שרייבען נעהמט קיין ענד, קיין שלוס.
דעם מענשענס יאָהרען זענען נישט גענוג לאַנג
צו קענען בעשרייבען יעדען שכל און געדאַנק.
עס גיבט נישט זאָ פיעל שרייבערס איף דער וועלט
אַלעס זאָל ווערען בעשריעבען אין ספרים געשטעלט.
מיט חכמה, פערשטענדיגקייט און וויסענשאַפט,
מוזטו בענוצען דיין אייגענעם כח און קראַפט.
גלויב מענש אן דעם בעשעפער דעם בורא,
גלויב אין אַלע זאַכען, וואָס שטעהט אין תורה.
פערגעס נישט דאָס בילד, וואָס האָב דיר געמאָהלען,
גלויב אַז גאָט וועט דיר פיר אַלעמען בעצאָהלען.

פיר שלעכטס, — שטראפע ; פיר גוטעס — בעלאָהנונג
אין גרויסען געריכטס-זאַל, אין אויבערען וואהנונג.
זיי איין אמת"דיגער, ריינער, אידישער פאַטריאָט,
ביי יעדער געלעגענהייט — דענק נאָר אין גאָט !

תם ונשלם.

# קול ששון.

מיין געבורטסטאָג ............................
מיין נאָמען ............................
ג׳עבורט־שטאָדט ............................
לאנד ............................
מיין היירא͏ַטס־טאָג ............................
מיין פרוי׳ס נאָמען ............................
געקימען קיין אמעריקא ............................
קינדער׳ס נעמען ............................
1 ............................
2. ............................
3. ............................
4. ............................
5. ............................
6. ............................
7. ............................
8. ............................

# אלון בכות

## יאהרצייטען:

פטירת אבי

פטירת אמי

# כתובה דאירכסא

בשבת יום לחודש שנת חמשת
אלפים ושש מאות לבריאת עולם למנין שאנו מונין
כאן איך ר׳
אתא לקדמנא אמר לנא הדא מרת
בת כד הווית
אינסבת לי לאינתו מן קדמת דנא כהלכות בנות ישראל
דמינסבין לגובריהון בחופה וקדושין וכתובה, וכדא אירכס
לה שטר כתובתא דהוי כתיב לה מנאי מיומא דאיתנסיבת
לי, ואמרו רבנן דאסור לבר ישראל לשהויי עם אינתתא
בלא כתובה אפילו שעתא חדא, וכען בעינא למכתב לה
כתובה אחריתא בחרוקי דכתובתא קמייתא נדוניא
ותוספתא דילה, ובכן אנחנו סהדי דחתימו לתחות קנינא
מיניה השתא, וכתבנו לה כתובתא קמייתא דאירכסא איך
ר׳ אמר לה להדא אינתתא
מרת בת דהוית
מלקדמת דנא הוי לי לאנתו כדת משה וישראל ואנא אפלח
ואוקיר ואיזון ואפרנס יתיכי ליכי כהלכת גוברין יהודאין
דפלחין ומוקרין וזנין ומפרנסין לנשותיהון בקושטא:
ומזוניכי וכסותיכי וספוקיכי ומיעל לותייכי כארח כל
ארעא: וצביאת מרת דהוית
מן קדמת דנא והוית ליה לאנתו, ודין נדוניא דהנעלת ליה
בין בכסף בין בזהב ובין בתכשיטין במאני דלבושא
בשמושא דירה ובשמושא דערסא הכל קבל עליו ר׳

חתן דנן זקוקים כסף צרוף וצבי ר'
התן דנן והוסיף לה מן דיליה עוד זקוקים כסף צרוף
וכך אמר ר' התן דנן אחריות שטר כתובתא
דא קבלית עלי ועל ירתי בתראי להתפרע מכל שפר ארג
נכסין וקנינין דאית לי תחות כל שמיא דקנאי ודעתיד אנא
למיקנא נכסין דאית להון אחריות ודלית להון אחריות
כולהון יהון אחראין וערבאין לפרוע מנהון שטר כתובתא
דנ נדוניא דין ותוספתא דא מנאי ואפילו מן גלימא דעל
כתפאי בחיי ובמותי מן יומא דנן ולעלם, ותמיד יהא נידון
ונדרוש שטר הלז לטובת ותועלת אשתי הנ"ל וב"כ להיות
ידם על העליונה, ויד המערער על התחתונה כטעון אחד
מעשה ב"ד, כל הנ"ל נעשה בת"כ ובפ"מ ובקאג"ס בכל
אופן היותר מועיל ע" תיקון חז"ל בענין ואופן דלית ביה
אסמכתא ודלא כטופסי דשטרא בביטול מודעי ופיסול עדי
עדי מודעי וכנ"ל עד עולם כדרך שמבטלין בג"נ ובכל חומר
ותיקון כל שטרי דנהגי בישראל העשוין כתיקון חז"ל
וקנינא מן ר' למרת
דהוית כד איתנסיתב ליה בקדמתא על
כל הא דכתוב ומפורש לעיל במנא דכשר למקנא ביה פה.

**והכל שריר וקים**

נאום

ונאום